J. ZONSZAJN

# SŁOWO I MELODIA

Redaktor: D. SFARD

רעדאַקטאָר: ד. ספאַרד

Okładkę projektował: H. GLIKSZTOK

הילע געצייכנט: ה. גליקשטאָק

Wydawnictwo „Idisz-Buch“  Warszawa, Nowogrodzka 5

Nakład 2500 egz. Ark. druk. 9, ark. wyd. 6. Papier rotograwiura kl. 3 a[1]. Druk ukończono w lutym 1959 r. Druk RSW „Prasa“ Warszawa, ul. Tarczyńska 8, zam. 6028. W-83.

# תנצבה

מיין מאַמען איטע בת פסחיה־זאב
מיין טאַטן ישכר בן פנחס
מיין שוועסטער שרה רייזל איר מאַן און קינדערלעך
מיינע שוועסטערלעך דבורהלע און ברכהלע
מיין ברודער שמואל
מיין פעטער בן־ציון מיט זיין ב׳ב
מיין פעטער יחיאל און די מומע בריינדל, זייערע
טעכטער: שרהלע און יענטע מיט זייער ב׳ב
מיין פעטער אלי־יעקל און די מומע מעכלע, זייערע זין: משה, ברוך,
לאַזער און די טעכטער שרה, דבורה מיט זייער ב׳ב
מיין מומע פייגע נעכע און איר ב׳ב
מיין פעטער צלאל מיט זיין ב׳ב
מיין פעטער יעקב מיט זיין ב׳ב
מיין פעטער נוח מיט זיין ב׳ב
אַלע נאָענטע און טייערע נעמען
זאָל דאָס דאָזיקע פליענדיקע בלעטל
זיין א מצבה פאַר זייערע גופים און
נשמות וואָס האָבן אין לעבעדיקע פלאַמען
פאַרוואַנדלט זיך —

יעקב דוד זאַנשיין

# אָ, גרויסער טאָג פון משפּט...

איך באַגריס דיך,
אָ, גרויסער טאָג,
וואָס ווערסט קומען.
הינטער דיינע פליגל
וועט קורטשען זיך די ערד
שיכור נאָך
פון די פינצטערע תענוגים.

אויפרייסן וועסט פון לאַנגן שלאָף
מענטשן,
ביימער,
פייגל,
זיי וועלן שוידערן,
שרייען פאַר שרעק.

דעם טייך
איינגעפרעסט אין ענגע ברעגן,
וועסט באַפעלן האַסטיקער לויפן

אויך מיינע אויגן וועסטו צווינגען בלייבן אָפן...

דאָן —
שטאָל אָן מיין האַרץ,
גיב מיר מוט,
אַז נישט מיט איינמאָל,
נאָר טראָפּן נאָך טראָפּן
כ׳זאָל אָפּגעבן דיר
מיין בלוט...

## נאַכט־אַנפֿלי

(זכור סעפט. 1939)

דער נאַכט־הימל
פון באָמבירער אַראָפּגעשווערט,
בידערט שווארץ און געל צו דער ערד.

דאָס בלאָנדע מיידל
לויפט מיט די טונקעלע שטיגן אַרויף.
פארקוילטע מענטשן טאַנצן אין א ראָד אויפן הויף.

סאָלדאַטן־שטיוול
טראסקען האַרט אויף גאַסן־שטיין פאַרביי.
הייזער פליען — וויקלען זיך אין פאַרביקע וואָלקנס שטויב.

אין מיטן גאַס
די מאַמע מיטן קינד האָבן שטיל זיך צוגעלייגט.
א פאַרבלאָנדזשעט פערד פאַרדרייסט דעם קאָפּ און וויינט.

ביים פענצטער
א נאַקעטע דאָס מיידל שטייט מיט אויסגעשטרעקטע הענט.
רויטע ליכט רינט איבער באלקן, דיל און ווענט.

די לבנה קוקט פון וואָלקן ארויס —
אן איבערגעשניטן אויג...

## צום דיכטער...

פון ווייט בין איך צו דיר געקומען
זעען דיך —
פאַרנעמען דעם קלאַנג פון דיין ליד.

פאַרוואָס ציטערט אַזוי דיין האַנט?

דיין גרויער קאָפּ
נייגט זיך צו דער ערד,
דערפאַר איז מיר אין דיינע אויגן קוקן
שווער.

איצט ווייס איך אַלץ.

פון דיין שטומען שווייגן
וויאַנעט דאָס גראָז —
נאַקעט שטאַרן די צווייגן.

איז מיר אַ ווייטיק, א שאַנד.

אין מיין לאַנד
איז דערגאַנגען דיין ליד
מיט רויטע, צעבלוטיקטע פיס,

און איך האָב געמיינט —
ס'זענען שיכעלעך פון גאָלד...

# קין...

דיין לעצט געשריי
הענגט,
איבער יעדן וועג וואָס איך גיי.

און אַזוי
פון מאָרגן ביז מאָרגן,
נישטאָ זיך ווו צו פארבאָרגן.

די נאַכט לאָזט מיך נישט שלאָפן.
אין בלוט, דורך מיין האַרץ
רעדערט אַ טויטן־וואָגן.

דעם ים כ׳האָב פאַרטרויט דאָס פאַרברעכן,
געטויט דאָס ליד —
עס זאָל גיין אין פאַרגעסן.

נאָר אַלץ איינס עס ווארפט מיך אויף דער קני
די ערד.
זי קרעכצט — הינטער מיינע טריט...

## די פאַרב פון דיינע האָר

די פאַרב פון דיינע לויכטנדיקע האָר
גיסט זיך איצט צוזאַמען
מיטן פייער
פון די קרעמאַטאָריע־פלאַמען

ברענט אין מיינע אויגן
דיין געזיכט — —

א זון־פארגאנג.

## אין לאַנד פון מיין געמיט

אין לאַנד פון מיין געמיט
רייפן שוין אַבריקאָסן,

אין לאַנד פון מיין געמיט
אַלע גריבער שוין פאַרשאָטן,

אין לאַנד פון מיין געמיט
איין גרוב וועט אייביק בלייבן אָפן —

אין הארצן...

# ווען?

„ווער וועט אָנשרייבן דאָס גרויסע בוך וועגן אומקום און קאַמף
פון פוילישן ייִדנטום?...“

אַ מענטש וועט קומען,
וועט שרייבן אויף ווייסן פּאַרמעט מיט רויטן כּתב,
קיין האַנט וועט עס נישט אָפּמעקן,
קיין האַק נישט אויסהאַקן.

אַ מענטש וועט קומען,
אַזאַ ווי דו, ווי איך, ווי ער —
מיט בלוט אין אויג,
מיט אַ האַמער — אַ פויסט.

אַ מענטש וועט קומען...

ווען?

## מעמענטאָ...

צו דיר,
וואָס פֿאַרליבט ביסט
אין הייליקן קרייץ —
דאָס ליד וועגן ברענענדיקן געטאָ איך שרייב.

ווען פֿייער און בלוט האָבן מיין גאַס פֿאַרפּלייצט,
ביסט געשטאַנען
מיט פּנימער צוויי —
איינס האָט געלאַכט,
דאָס צווייטע —
געוויינט.

קוק זיך איין —
דער לעצטער פּאַקעל בין איך
פֿון הינטערן געטאָ־צאָם,
וואָס האָט נישט אויסגעפֿלאַמט,

אויב האָסטו מיין געשריי
פֿאַרגעסן,
זאָל מיין ליד
דערמאָנען דיר — — — — —

# דער הימל איז דערבאַרימדיק

א מאַמען האָב איך געהאַט אַמאָל,
א טאַטן
א ברודער
און דריי ליכטיקע שוועסטער —
די פעטערס און מומעס
געווען אָן אַ צאָל.

די יונגע
זענען קעגן גאָט אַרויס,
דעם הימל געלעסטערט,
און די אַלטע
אין בלוטיקער נויט
האָבן זיך דעם הימל פאַרטרויט.

אָ, דערבארימדיקער הימל!
דאָס האָסטו זיי אַלעמען קברים געגעבן —
אויף דער ערד איז פון זיי קיין זכר בישטאָ...
באָר מיך
פאר א שטראָף
האָסט פאַרמשפּט צום לעבן.—

# אַ תּפֿילה אין וואַלד...

וועק נישט אויף די ערד פֿון דרימל —
זי וועט זיך צעשרייען.
אין מיין האַרץ דעם צווייפל לעש אויס,
פּאַטער אין הימל.

לאָמיך זיין ווי דער בוים,
אינעם געדיכטן וואַלד,
געוואָרצלט מיט גלויבן,
אָן מורא,
ווען די שעה ווי א האַק פֿאַרהויבט זיך
און מיך באַפֿאַלט.

וויש אָפּ די קללה פֿון מיינע אומרייניע ליפּן,
פּאַטער אין הימל —
צעברעך איבער מיין קאָפּ דיין רעגנבויגן —

וועל איך — דער לעצטער פֿון מיין עדה —
זאָגן מיין תּפֿילה בלחש
און בלוט וועט רינען פֿון מיינע אויגן.

✡
✡ ✡

איך האָב אויסגעטאָן פון מיינע לענדן דעם זאַק,
אויסגעוואשן דעם קאָפּ פון אַש —
אַ לעבעדיקער נס
אין דער נאַכט —
איך וואַרט.

מיט דער טויב פון באַגינען וועסטו קומען.

אין דעם אויסגעטריקנטן ברונעם
איבער אונדזערע קעפּ
וועט אַ נייער קוואַל זיך צעברומען...

# דער בוים הינטער מיין פענצטער

דער בוים
הינטער מיין פענצטער
שלאָפט נישט דורך די נעכט
ער מורמלט עפּעס לאַנג און איינגעגעסן אין זיך.

אָפּט
פון פאַרצווייפלונג
רייסט ער פון זיך די בלעטער,

נאָר דער באַגין —
הענגט זיי אים אָן צוריק.

## פרילינג

האָסט אָפּגעמעקט די בלומען פון מיינע שויבן,
מיט נוחס טויב האָסט די יונגסטע פליג
פון דיין קאַלטער תבה אַרויסגעשיקט,

די טויב איז פאַרציקט.
מיט אירע פעדערן איז פול די לופט.

נאָר די פליג טראָגט זיך פאַרביי איבער מיין אויער
און בלייבט הענגען א זומענדיקע
אין שפינוועבס פון מיין טרויער.

## די טיר

דעם ביטערן כּוס
לאָז מיך אויסטרינקען ביז צום סוף.

זאָלסט מיך נישט טרייסטן,
ווייל אויך דיך עס וועט נישט מיידן.

ברייט צעעפנט שטייט פאַר אונדז די טיר
פון פאַרשידענע זייטן —
אונדזערע טריט זענען געווענדט צו איר.

*
*　　　*

א טאָסט פאַר דיר
איך הויב,
אייביק ניכטערע,
אויסגעחשבונטע,
קיינמאָל פון גאָרנישט נישט באַרוישט.

דום דיין פייכט אויג,
דיין איידל געשטאַלט,
דיין גלאַטע הויט.

מיין בלוט,
וואָס דו זויגסט,
פאַר דיר איז באַשאַפן.

דאָס ווייַנענדיקע האַרץ —
איז א בעכער בלויז.

# אין געבאָרגטע שיך

אין געבאָרגטע שיך — אין דיינע —
איך בין וואַרעם דעם ווינטער דורכגעגאַנגען.

איצטער שרייט דער פרילינג אין מיין בלוט —

נאָר מער וועל איך פון דיר שוין גאָרנישט נישט פאַרלאַנגען

כאָטש איך ווייס, כל־זמן עס איז אָפן מיין אויג
אַליצאַיינס פאַרבלייבן איך וועל דיר א בעל־חוב...

# צעשיידונג

איז דען וויכטיק ווער איז געווען דער ערשטער —
טויט איז די סיבה —
לאָמיר שווייגן בעסער.

שאַרף איז דאָס מעסער,
וואָס ליגט איינגעוויקלט אינעם סאַמעט
פון דער שפּראַך.

דער קאַרפּין אויפן ווייס־געשפּרייטן טיש
מיט בלוט ער איז פול.

כ׳וועל גיין,
ווען אָנקלאַפּן וועט אין פענצטער
די נאַכט.

נאָך אַ רגע —
די נאַכט קומט פון אַלע וועגן.

כ׳וועל שטיין לעבן דיר
און רופן
ווי פון ווייטנס:

— זיי געזונט, דו...
אויף אייביקייטן
זיי געזעגנט!

## צו איינעם אַ וועלט־פריינט

מיך גייט נישט אָן פון וועלכע קוואַלן
האָסט דיין חכמה געטרינקען. אַדאַנק.
זיי מיר אויף שטענדיק געזעגנט.

דיין  פ ר יי נ ד  איז געפאַלן?
דו, שטרעק אים נישט אויס דיין האַנט —
ער וועט זיך שוין אַליין אויפהויבן...

## די קללה...

אַמאָל האָט מיך מיין מאַמע געשאָלטן:
„א ייד זאָל דיר שמעקן דורך דער צענטער וואַנט...“
גיי איך איבער גאַסן אָן יידן,
פארשעמט, מיט דעם העפטעלע לידער אין האנט.

ס׳איז געענדיקט דער לאַנגער וויכוח.
די הייזער קערן זיך אָפּ — פרעמד און קאַלט.
נאָר דער שאָטן, ווי א הונט וואָס קריכט מיר נאָך,
מיט פלוצלינגער אימה מיך באַפאַלט —

כ׳האָב מורא אז פון יענער וועלט קאָן קומען
דער טאַטע, ווי אַמאָל פאַרכאַפּן מיין פאַרמעג
און אויפן פייער ס׳ פאַרברענען...

וואָס וועט מיר בלייבן פון מיינע לעבנס־טעג?

## געמיט

ווי אַ לייכט־טורעם
אין דער נאַכט
צווישן הימל און וואַסער,
דו צאַנקסט
און בליצט.

אָפט,
ווי אַ שיף אין שטורעם —
דו טראָגסט צום הימל זיך.

נאָר אָפטער נאָך דו שליידערסט מיך
צום תהום,
פונוואַן עס איז מער נישטאָ
קיין וועג צוריק...

## צוריקקער...

ס'איז דער ווינט הינטער דיין פענצטער
וואָס ווינט אַזוי —
קלאַפּט אין טיר.

דער אויף וועמען דו וואַרטסט,
וועט שוין קיינמאָל נישט קומען צו דיר.

ס'וועט קומען א צווייטער,

שטום וועט זיין זיין מויל,
טויט — דער בליק,
נאָר דער געבויגענער נאַקן וועט וואַרטן אויף דיין באַריר.

עפן דיינע אויגן אויף!

אָט איז ער —
אָט שטייט ער פאַר דיר...

טרייב אים נישט — דו הערסט!

אומשולדיק איז ער —
אַזאַ איז געווען דער וועג — וואָס האָט צו דיר געפירט...

## יובילײ...

װיפל מאָל
האָט דער קאַרשן־בױם אָפּגעשיט
זײַן װײַסן צװײַט —

װיפל מאָל
האָט געבױגן זיך
די באַרן־צװײַג
הינטער דער לאַסט פון שנײ?

פינף און צװאַנציק מאָל,
פופציק מאָל —
איז װיכטיק דען די צאָל?

דער קאַרשן־בױם שטײט פאַרברענט.
אָפּגעהאַקט
ליגט די באַרן־צװײַג.

נאָר דו
מאַכסט זיך נישט־װיסנדיק,

בליסט
שיטסט מיט צװײַט,
און װײַנסט אַמאָל,
װען דער שנײ דיך דריקט...

# דורכן לעבן...

ווי דער פויער נאָכן אַקער
איבער מיין ווייטיק געבויגן
דורכן לעבן איך גיי.

איך האָב ווינטן אין פרילינג פארזייט,
איז דער זומער
מיט שטורעמס פארביי.

וואָס וועל איך דעם שטרענגן ווינטער זאָגן?

דער הארבסט —
הייסט אַקערן פונדאַסניי...

# האָסט געוויינט

האָסט געוויינט
ווייל דו האָסט די אייגענע הויט נישט דערקענט
געמיינט —
דיין לעבן האָט שוין אויסגעברענט.

האָסט געוויינט,
שטייענדיק אַ נאַקעטער אויפֿן אָוונט־וואָלקן,
גרייט אונטערגיין
איינזאַם און פֿאַרשאָלטן...

האָסט געוויינט!
שווער איז איבערן לעבן גיין
מיט אַ פֿעל,
וואָס פֿאַרוואַנדלט זיך אין שטיין.

איצטער בענטש
די מערדערישע האַנט, וואָס איז אָנגעלאָפֿן,
און דעם מענטש
אין דיר — אָן אַ מעסער דורכגעשטאָכן.

ביז שיכּרות
טרינק זיך אָן מיט דיין בלוט ווי מיט וויין.
אויף בייזן חידוש —
עס ועלן פֿאַרביקע לידער זיין...

* *
*

איך וועל מיט דיר רעדן וועגן אמת...

מיט פאַלשקייט מיר האָבן זיך פאַרקנסט
און דער ליגן האָט אונדז געהאַלטן פאַרייניקט,
ביז עס איז געבוירן געוואָרן דאָס קינד,
וואָס מירביידע האָבן אויף דעם געוואַרט —

דער האַס...

## ווי די מאָן־בלום

ווי די מאָן־בלום,
וואָס פּריעסט פון דער געבורט־שוויס
אַלע זאַפטן אַרויס,
האָסט מיין בלוט פאַרדאַרבן.

און איך ווייס נישט מער פון קיין רו.

מיין ליד
איז אָנגעזעטיקט מיט דיינע פאַרבן,
ווי די הענט פון קצב
מיט בלוט.

*
* *

טויזנט מאָל טויזנט אויגן
טראָגן מיר אנטקעגן,
די רויטע בלום,
וואָס ליגט אין מיין בוזים באַהאַלטן.

פון מיין בושה
איך האָב נישט ווו צו אַנטלויפן —
די רויטע בלום
ליגט אין מיין בוזים באַהאַלטן.

זאָל איך מיך אפשר גענאַרן
פאַר אַ שמייכל אַ פאַלשן —
אָך, די רויטע בלום,
וואָס ליגט אין מיין בוזים באַהאַלטן.

נאָר קיינער וועט מיך נישט גענאַרן —
טויזנט מאָל טויזנט געשטאַלטן
האָט די רויטע בלום
וואָס ליגט אין מיין בוזים באַהאַלטן.

## וואַקכאַנאַליע

האלבע נאכט האָט לאנג שוין פארקלינגען,
דער סאקסאָפאָן שרייט שיכור פון ווייַן,
פארשטומט זענען די פידלען —
ס׳איז דאָס בלוט וואָס רוישט אזוי און וויינט.

מיט גרינגע פיסלעך האָפּסלט דאָס ווייב,
דער מאנצביל איז רויק און שטייף,
מיט פאראט קאָכט דאָס מענטשן־לייב —
מאָרדלוסט אין די אויגן רייפט.

אלעווארטן דאָס ליכט זאָל זיך פארלעשן,
די פינצטערניש ציט ווי א מאגניט,
א שותף צום קומענדיקן פארברעכן
איז אויך — דאָס ליד.

# די גילדענע פאַווע

די גילדענע פאווע —
זי פליט און פליט
ווייסט נישט פון קיין רו

אפשר איז עס די גילדענע פעדער
וואָס זי האָט פארלוירן?

איר גילדענע פעדער
געפינען האָב איך
און שרייב מיט איר
דאָס טרויעריקע ליד...

## איך בין די רויז...

איך בין
די צעטראָטענע רויז
צווישן פאַרוויאַנעטע ליליען —
מײַנע שפּורן
אין שטויב
מיטן אָונט־וואָלקן וועלן פאַרפליען.

ווער קאָן פאַרגעדענקען
אין קרייז פון מעת־לעתן
די צעטראָטענע רויז —

ווער וועט זי
נישט פאַרגעסן...

## זוו נעמט מען?

לעבן מיינס, וויפל מאָל מיט הוילע פינגער
האָב איך דיין שטייניקע ערד געגראָבן —
זויפל מאָל, אויף מיין צעבלוטיקטן רוקן
ציגל צו דיין נייער היים געטראָגן...

אויך איצט כ׳בין גרייט ווייטער צו טראָגן דיך,
לעבן מיינס, נאָר איינס זאָלסטו מיר זאָגן:

ווו נעמט מען דעם פערד און וואָגן
די יונגע יאָרן צו דעריאָגן?

## ווער ביסטו?

ווער ביסטו׃
וואָס כהאָב דיין נאָמען פארגעסן,
וואָס איך זוך דיך
א לעבן לאנג?

דו שפאנסט־אָן מיינע טעג
מיט אומרו,
די נעכט —
מיט הייסן געוויין.

ס׳איז פול מיט דיר
דער בארניקער גאנג.

איך שריי צו דיר
איך וויין
איך קלעטער

מיט ווונדן איז באדעקט
מיין לייב,
ווי א בוים
מיט בלעטער...

# ווּעסט נישט קומען

כ׳ווייס דו ווּעסט נישט קומען
נישט היינט, נישט מאָרגן —
היל איך מיך אין מאַנטל
פון מיינע זאָרגן.

כ׳בין אַרויס אויפן נאַקעטן פעלד —
ווער וועט מיך שיצן פון דער קעלט?

כאַטש די ווינטן ברומען:
„ווּעסט נישט קומען, ווּעסט נישט קומען"
וועל איך וואַרטן אַלץ —
שטומען.

# אַ פלעק אויפן פּאַפּיר

אויפן נאקעטן טיש —
א ווייסער מדבר —
דאָס נישט פארשריבענע פאפיר.

א נשרף בין איך —
מיין האָב און גוטס
האָט אין אש זיך פארוואנדלט.
און דו ביסט ווייט —
איך האָב נישט ווו
מיין פנים צו באהאלטן.

מיש איך דעם טינט
מיט דער פארב פון מיין הארץ.
א פלעק בלויז —
און דער עלנט
פארשווינדט פונעם פאפיר...

איך שרייב היינט א לאנגן בריוו צו דיר.



די פארב פון דיין געזיכט
האָט זיך איינמאָל אויף שטענדיק געביטן,
די עקשנות ווי אן אקער
ארום דיין מויל זיך איינגעשניטן.

אומזיסט האָבן יונגע באַגינענס
אויף דיין געלעגער דיך געוועקט
ביז די שוואלבן זענען פארפלויגן
דער זומער איז אוועק.

אליין ביסטו געבליבן.

## ווי אַ פאַרביקע קאַרוזעל

... ווי אַ פאַרביקע קאַרוזעל.
איך זע דיך אין יעדער פיגור,
וואָס באַוועגט זיך, דרייט זיך אַדורך.

דיין פיל־פּנימדיקייט
שיקט מיר צוריק, ווי דער שפּיגל,
די שרעק און די פרייד...

וואַלקאַנס צוגלייך
קומסט און גייסט,
ווי דער גרויסער בלויער טייך.

כּפֿאַל צו דיר צו אין לויף —
שטערן צו שטערן,
אויג צו אויג.

אין איינס
עס גיסן זיך צוזאַמען
דער מאָרגן, דער נעכטן, דער היינט —

ווי די קרוין
און דער וואָרצל
פון לעבעדיקן בוים.

# דורך שטאָט, דורך וואַלד, דורך פעלד

אָפן איז מיין טיר,
נידעריק די שוועל,
מיין פענצטער
קוקט ארויס נאָך דיר
דורך שטאָט
דורך וואלד
דורך פעלד.

זעגען נעכט —
ברייט אויפגעריסענע אויגן.
שטערן —
בליצן אין דיינע פליענדיקע האָר.
דו לויפסט —
און אויף מיין פנים פאלן
הייסע טראָפנס טוי. —

האָב איך פארלאָזט מיין טיר,
די היימישע שוועל,
און יאָג זיך נאָך דיר
דורך שטאָט
דורך וואלד,
דורך פעלד.

ווען מיד פון זון און שטויב
דער קאָפּ שוין זינקט,

די וויע שליסן וויל דאָס אויג —
קומסט אנטקעגן
און פּאלסט אויף מיר
ווי קילער זומער־רעגן...

## ביסט אַוועק נישט געזעגנט

ביסט אַוועק נישט געזעגנט.
אַ קורץ בריוול אויפן טיש געלאָזט —
דאָס גאַנצע לעבן.

כ׳האָב פאַרמאַכט זיך אין דער פעסטונג
פון שווייגן,
די פאַרב פון דיין שטים פאַרגעסן,
דאָס מילדע ליכט פון דיינע אויגן.

איצט
בין איך בלינד,
פרעמד איז מיר
מיין אייגענע שטים.

איך רעד מיט גאָט,
מיטן שטיין וואָס וואַלגערט זיך אין גאַס.
מענטשן פאַרשטייען נישט מיין שפּראַך.

## כ׳וועל רעדן צו דיר

כ׳וועל רעדן צו דיר מיט דער שפּראַך
פון פרישן קאָרן־ברויט,
פון פעלדער און טייכן.

כ׳וועל אַלע פייגל ברענגען צו דיין דאַך...

כ׳וועל רעדן צו דיר דורך דעם ליכט פון טאָג
און דורך די שאָרכן פון דער נאַכט...

כ׳וועל גיין צו דיר דורכן טויער
פון זיבעטן גיהנום,
כאָטש איך ווייס וועסט מיין קרבן
נישט פאַרנעמען.

איך וועל גיין צו דיר —
איך וועל גיין!

כאָטש איך ווייס גענוי
דאָס קאַלטע פייער פון דיין אויג
וועט אויף א יי ז מיך פארברענען...

## ווייל דו האָסט מיך נישט ליב...

פאַרליב זיך אין מיר —
און די קאלטע דעקאָראציע־ברילעס:
הייזער,
ביימער,
מענטשן,
שטיינער,
פייגל,
דער טייך און דער הימל,
זאַכן
פון אַלערליי פאַרבן און קאָלירן —
וועלן אויפלעבן,
וועלן זיך צעשפּילן:
יעדע קאָליר — אַ קלאַנג,
יעדע זאַך — א וויברירנדיקער חידוש,
און אַלץ צוזאַמען —
די גרויסע פרייד,
וואָס טרייסט
און באַזיניקט...

טרויעריקער מענטש,
פון עלנט —
קראנק...

פאַרליב זיך אין מיר,
איך בין די האַנט,
דער שליסל בין איך

צו די פאַבריקע,
באַלעבנדיקע
רעפלעקטאָרן. —

איך בין אין אַלעם —

אין די הייזער,
זוו דו לעבסט,
אין די ביימער,
וואָס דו זעסט,
אין די מענטשן,
וואָס באַגריסן
אָדער מיידן דיך אין וועג,
אין די שטיינער,
אויף וועלכע דו טרעטסט,
אין די פייגל,
וואָס פאָלגסט נאָך זייער הויכן און וויטן פלי,
אינעם טייך און אינעם הימל,
ווי א שפיגל איבער אַ שפיגל.

כ'בין אין די אויגן
פון דער פרוי,
צופעליק באַגעגנט,
וואָס זוכסט זי
אומעטום
און קאָנסט זי נישט געפינען.

כ'בין דער אַראָמאַט
פון לייב
פון ערד,
וואָס פאַרפאָלגט דיך דורך די נעכט.

ווייל דו האָסט מיך נישט ליב...

טרויעריקער מענטש —
בחינם זוכסטו מיך,
בחינם רופסט צו מיר,
ווען דיין בלוט
האַלט אין פארפרירן —
כ׳בין אין דיינע טרערן,
אין דיין הויך געשריי,
אין דיין שטילן מורמל...

כ׳בין אין דיר אַליין —
ווי קאָן איך
צו דיר
קומען? — — —

## דאָס שענסטע ליד

פון אַלע לידער דאָס שענסטע ליד,
וואָס איך וועל נישט שרייבן...

ווייל מיין שאָטן וועט אויפשטיין
קעגן מיר,
און דער זייגער,
וואָס היט געטריי מיינע שעה׳ען,
וועט שטיין בלייבן.

נאָר דיך, ווער דו זאָלסט נישט זיין,
כ׳וועל אויך שפּעטע
נישט אויפהערן פאַרוויגן.

ווי אין טיפן הארבסט אויפן פענצטער
די שטאַרבנדיקע פליגן —
כ׳וועל ווייטער צערטלעך
ברומען דיר מיין ניגון.

## דיין ליבשאַפט...

דיין ליבשאַפט האָט מיר געוויזן דאָס קינד,
וואָס וועט קיינמאָל נישט ווערן געבאָרן.

האָב איך דיך געהאַסט א לעבן־לאַנג —
און דו —
ביסט ביזן סוף נישט מיד געוואָרן...

# דאָס ליד וועגן די פּערל

ווער האָט אַזוי נישט קלוג
די טייערע פּערל
אַרויפגעצילט?

ווי נאָר דו טוסט זיי אָן
איינציקווייז —
זיי גייען ערגעץ־ווו פאַרלוירן.

און ווען דער לעצטער פּערל,
טאַנצנדיק,
אַנטלויפט צו זיין באַהעלטעניש —

פון דיינע אויגן
איינס אין איינס
זיי קומען צוריק,

אויף א זון־פעדימל איך וועל זיי ארויפצילן,
נאָר  ד ו —
וועסט מער מיט זיי נישט שפּילן זיך.

## דאָס ליד פון פאַרליבטן

א הימן איך זינג צו דער שקלאפעריי.
דעם עול וואָס כהאָב פארלוירן, באוויינען זאָל דאָס ליד.
ווי לאנג נאָך, זאָג, וועסטו לאָזן שטיין מיך אויף דער קני —
דערבארעם זיך! — פון מיין פרייהייט מאך מיך פריי...

## אוי ווײ...

אוי ווײ —
אונדזער יעדע געזעגענונג
איז די סאַמע לעצטע.

אוי ווײ —
די סאַמע ערשטע —
אונדזער יעדע ווידער־טרעפונג.

אוי ווײ —
וויפל מאָל שוין,
דײַן האַנט געדרוקט האָט מײַן האַנט.

אוי ווײ —
ווי לאַנג נאָך וועסטו זײַן מיר
איינציק און אומבאַקאַנט...

# די פּרינצעסע

פּאַרפּליט אַ זומער איינס און צוויי —
וויאָנען בלומען — בליט דער שניי.

וויינט א מאַמע: ווי און אַך —
כל־זמן צייט איז — מאַך א סוף...

גייען פּרינצלעך איין און אויס —
שיין איז זי — רייך דאָס הויז.

די פּרינצעסע ניש־דאָ־געדאַכט —
אָט א זינג און אָט א לאַך.

גייט דער זייגער, גייט און קלינגט —
די פּרינצעסע לאַכט און זינגט:

„איינס און צוויי און דריי־ און פיר
מאָרגן קלאַפּט ער אין מיין טיר".

לויפן פערדלעך מיטן וועג —
נאָך זיי — היידא! יאָרן, טעג.

פליען זומערס איינס און צוויי —
מישט דער צוויט זיך מיטן שניי.

ס'מיידל שטייט אין אָוונט־שיין —
קוקט זיך אין דעם שפּיגל איין:

ווייזט דער שפּיגל קליפּ און קלאָר —
ס'לויכט דער שניי... אין אירע האָר.

## פיגמאַליאָן

דער קינסטלער, וואָס האָט אין ווייסן מאַרמאָר
דיך געמייסטערט —
האָט זיין הייס בלוט אין דיר אַריינגעגאָסן —
רויטלט זיך זיין בלוט דורך דיין ווייסער קאָליר —
און זיין האַרץ איז מיט שטיינערנער קעלט פאַרלאָפן.

ווער ווען האָט פאַרפירט?

אין פאַרטעך
מיט דער דלוטע אין האַנט
דער קינסטלער איז געשטאָרבן
פון בענקשאַפט נאָך דיין באַריר.

נאָר איידער אויף אייביקייטן
דער קינסטלער
האָט זיינע אויגן פאַרמאַכט
ביסטו אויפגעשטאַנען
תחית־המתים
אים צו טרייסטן —

דאָס האָב איך אויסגעטראַכט...

# אויפן פּליאַזש

„האָט דאָס שיינע וואָרט דיך צוגעצויגן,
אָדער דער אומעט פון מיינע אויגן?"

וואָס די מיידל־הענט צייכענען אין זאַמד,
ווישט אַראָפּ די שוימיקע פאַליע פון ים.

צום וואַסער זי גייט מיט טריטעלעך גרינגע,
די ליניעס פון קערפּער גאָלדיק זיי קלינגען.

זי קומט צוריק. אין די האָר בליצט ווי טוי.
נאָר זי שמייכלט אַלץ, שווייגט. טראַכט איך אַזוי —

הפּנים אירע ליפּן ווייסן די שפּראַך
פון פּירות, וואָס רעדן, מיט ריחות און זאַפט.

הענגט שוין די זון, א רויטער באַלאָן, אונדז צופוסן,
און מיר רעדן, רעדן, האַלטן אַלץ אין שמועסן...

## אין קאַפע

געוואַרט האָט זי אויף איינעם,
דערנאָך אויף אַ צווייטן,
נאָר אויפן קאַפּע־טישל
אַלץ די זעלבע קווייטן.

פון רויך פאַרציט אַ נעפּל
די שיינע שוואַרצע אויגן.
דער שמינק איז אָפּגעגעסן
דאָס פּנים אויסגעצויגן.

געוואַרט האָט זי אויף איינעם,
ווידער אויף אַ צווייטן —
דער לעצטער איז געקומען
שוין צו אַלעם גרייטן.

זי וואַרט מער נישט אויף קיינעם —
פאר אלעמען א גרייטע,
נאָר אויפן קאַפּע־טישל
אַלץ די זעלבע קווייטן...





ווי א חיה
שארסט זיך
פארטאיעט,

מיט פאראט
אָטעמט די נאַכט,
צווייג און בלאַט.

טראָפּנס איבער אויגן, ליפּן.
בלוט און טוי
מיט שווייס זיך מישן.

דאָס גראָז איז פייכט.
זי קוקט אפּער
פון יעדן קוסט און בייט.

אין יעדן רויש און שאָרך —
איר שוך, איר קלייד. —

די ערד איז הייס
און נאָכגיביק
ווי א י ר לייב...

## היינטצייטיקע באַלאַדע

דאָס מיידל מיטן בלאָנדן שויבער
לויפט צו דער שיינער באַלאַדע —
איר איז נמאס דאָס קינד און דער אידיאָט דער מאַן —
ער קומט היינט אין אָוונט מיטן אכטער עראָפּלאַן.

דאָס מיידל מיטן בלאָנדן שויבער
טראָגט שטאָלץ איבער דער וועלט איר שיין פּנים און הינטן,
אויף אַ הויכער פּיל־שטאָקיקער טעראַסע
שטרעקט זי אין דער ווייט די הענט די בלאַסע
און טרערן טראָפּענען, ווי רויט בלויע דימינטן...

זי נייגט זיך אַריבער דער באלוסטראדע.
דער אָוונט נעמט זי צערטלעך אַרום
און ביידע טראָגן זיך אַוועק מיטן ווינט
אין מעשה־לאַנד פון שעכערעזאדע.

## ראָמאַנטישער קרימינאַל־ראָמאַן

אויפן שלאָסבאַרג געלעבט האָט דער רויבער
רינאַלדאָ רינאַלדיני —
אַ שוואַרצע מויד האָט זיין לעבן באַטריבט,
די צאַרטע קליינע בלאָנדינע
געווען איז אין אים שטערבלעך פאַרליבט.

אויפן שלאָסבאַרג געטויט האָט דעם רויבער
רינאַלדאָ רינאַלדיני
די שוואַרצע מויד מיט אַ בלויען שטילעט.
געוויינט האָט די קליינע בלאָנדינע —
מיט רויט געפאַרבט דאָס שניי־ווייסע בעט.

אויפן שלאָסבאַרג דער גייסט פון רויבער
רינאַלדאָ רינאַלדיני
נעמט דאָס לעבן זיך — צום צווייטן מאָל.
די צאַרטע קליינע בלאָנדינע
איז געווען — די מויד מיט די שוואַרצע האָר...

# משל־קאַפּאָשל

די פּאָסע הינטער מיין פענצטער
מיט בוימער אַרומגערינגלט
זי אימיטירט א טייך,
אָבער זי איז טויט און שטינקט,
און מייז,
שטאָט גילדענע פישעלעך,
לעבן אויף איר גרונט...

אך, וואָס דאָס לידל מיינט?
די וואָס פ י ל ן זיך
וועלן עס אַליין פאַרשטיין.

# „לאָז מיך נישט איבער אַליין"...

(פּאַראָדיע)

לאָז מיך נישט איבער אליין.
מיר איז במאס מיין אייגן געוויין,
די קלינגענדיקע שטערן־רייז,
ווי קינדערשע שפּיל־געצייג
אין מיין איינזאַמקייט.

די צעטריקנטע פלאַנץ דאַרף האָבן ס׳ביסעלע טוי,
אַ קינד דאַרף אַ מאַמעשי, א מאַן — אַ פרוי.
לאָז מיך נישט איבער אַליין.

מיט בלאַסע הענט עפנט די לבנה מיין טיר,
אויף מיין שרייב־טיש זי נעמט זיך שפּילן קלאַוויר.
טאגאָרע אויף דער וואנט, מאַכט זיך נישט זען,
ווי ער וואָלט דאָ אַ פרעמדער אורח געווען.

און איך בין מיד,
און מיד איז דאָס ליד,
וואָס וויל אויך שלאָפן גיין —
טאָ לאָז מיך נישט איבער אַליין.

דער וואַלד גייט אויף מיט פלאַמען
דער טייך קאָן אַרויס פון די ברעגן
און דיך, האַרץ מיינס, איבערשרעקן.

איז לאָז מיך נישט איבער אַליין,
ווייל אָן כוחות בין איך,
כ'שלאָף איין,
שוין...

## זי

זי גייט אויף...

דאָס קאָרן אויפן פעלד
שפרייט זיך אונטערטעניק
אונטער אירע טאַנצנדיקע טריט,
די זון
פארבליפט.

זע, זי גייט אויף.

די קוועלנדיקע בריסט,
די שלאַנקע, שטאַרקע פיס
שטורעמען דאָס קלייד —
זי גייט,

זי גייט,
און פאָרויס איר
מיט אַרויסגעלאָזטער פלאַמענדיקער צינג
דער הונט —
אַ הייסער גליענדיקער ווינט.

זע, זי גייט צו דיר...

# שטיינדעלעך

די מאמעליו איז מיט א פרעמדן מאן געשלאָפן
ווייל דער טאטעליו איז פון דער מאמעליו אנטלאָפן.

אינמיטן טאָג האָט די מאמעליו מיך פון שטוב אין גאס געטריבן
האָב איך שטיינדעלעך, שטיינדעלעך אסך אָנגעקליבן.

א שטיינדעלע פאר דעם טאטעליו וואָס איז פון דער מאמעליו אנטלאָפן,
א שטיינדעלע פאר דער מאמעליו וואָס איז מיט א פרעמדן מאן געשלאָפן.

# באַלאַדע וועגן דער שיינער בלום
# און דער העלדישער בין

עס פרעגט די בלום:

פאַרוואָס,
פאַרוואָס ביסטו אַזוי שפּעט געקומען,
ליבסטער?
מיין סאַמעט־קלייד
ווי פרישער שניי,
דער בעכער פון תענוגים
לאַקנדיק און רויט —
אָבער אין מיין שויס
באַזעצט האָט זיך דער טויט.״

ענטפערט די בין:

— אָ, שענסטע פון די בלומען —
בין איך דען דער האַר
פון מיין גיין און קומען?
נעמזשע־אָן דעם שטויב
וואָס איך טראָג מיט זיך פאַר דיר
און עפּעס גיב פון דיינע בליטן מיר...״

זי האָט זיך נישט געוועהרט
די בלום —

פון טוי געלאָזט א טרער.

פון מחבר:

לעבן בינשטאָק ביי דער שוועל
געפאלן איז די בין.

נאָר די שענסטע פון די בלומען
מיט דעם טויט אין שויס
זי לעבט נאָך עד־היום...

## ווידער האָבן מיר זיך באַגעגנט

יונגע זינד מיינע,
ווען דער טאָג נייגט זיך
אין דער נאַכט אַריין
און שאָטנס שפּרייטן זיך
איבער וועגן —

ווידער האָבן מיר זיך באַגעגנט.

ריחות וואָס שיכורן אָן —
טראָגט צו מיר דאָס פֿריש געשניטענע היי אין פֿעלד.
דיינע האָר.
די ראָזע וואָלקנדלעך, וואָס אַ רגע בלויז דויערט זייער שיין,
זיי לעבן
אין בורשטין פֿון דיינע אויגן.
איך לאַך און איך וויין,
ווייל פֿונעם שטראָם וואָס לויפֿט אָן אָפּהאַלט באַרג־אַראָפּ
דיין אייביק יונגע שטים
קלינגט מיר אַנטקעגן.

באַלד וועסטו אויסצירן זיך אינעם בלויען שטערן־קלייד
מיט לבֿנה אויף דער ברוסט — אַ מעדאַליאָן
(ווייל אויף איר מיין בילד איז געצייכנט)
און די ערד —
די ערד, וואָס האָט ביז בלוט צעשטאָכן מיינע פֿיס,
מיר וועלן זי צו אַ חתונה־בעט פֿאַרגלייכן.
לאָמיר לויפֿן, פֿאַרבאָרגן זיך אין פֿעלד, אין אַ שייער —

צו אַלט בין איך פאר דיר, אָ, יונג ליד מיינס! —
און מיט דיר
פאר לייטן
איך שעם זיך זייער... —





מײַן האַרץ איז יונג,
הײס דאָס בלוט.

נאָר סם —
דער װײַן װאָס איך טרינק
פֿון דײַן מױל,
פֿון דײַן אױג.

מיך שלאָגט
אַ פֿײַערדיקע רױט —
דײַן רױשנדיקע פֿרײד.

די זיקנה
הענגט אױף מיר —
אַ נאַרן־קלײד...

# זייפן־בלאָזן

די פרייד פון מיינע קינדער־יאָרן.
אין א קיילעכדיקן צימער אַ בלויען,
אַ גרינער דיוואַן מיט רויטע מאָן־בלומען
און ווייסע אָרכידעען;
אַ געלער, לאַנג־האָריקער יאָזש אויפן סופיט,
וואָס קוקט אַראָפּ, בלענדנדיק, מיט זיין ליכט.

אין הענטל אַ פלעשל וואַסער מיט זייף,
אין די ליפּן אַ גילדענער שטרוי...
וואָס קאָן צעשטערן דיר דיין פרייד?
דאָס באַלאָנדל פלאַצט־אויף אין וועג
איידער נאָך מיט זיינע פאַרבן ס'ווערט זאט דאָס אויג,
נאָר דו לאָזט גלייך אַרויס א צווייטס.

איז דאָס די וועלט די גאַנצע, די פאַרגענגלעכקייט?

אך, לידער מיינע, פאַרביקע זייפן־בלאָזן, פרייד
פון מיינע קינדעריאָרן —
אויך איך אַליין, ווי א זייפן־בלאָז —
בין פלאַצן גרייט...

## שפעטער זומער

לאַנג ציט זיך דער שפּעטער זומער־טאָג.
בוים און קוסט — פון זון
בלייך זעגען און מיד.
ווי א טייך וויגט זיך
דאָס פעלד מיט צייטיקן קאָרן.

איבער גילדענע כוואַליעס
איך זע דיך שווימען.
וואָס איילסטו זיך — זאָג,
צו וועמען
טראָגן דיך דיינע פאַרבאָרגענע טריט?

פון פּיין ווערט רייף
און זאַפטיק דאָס ליד.
אויך איך בין א שפּעטער זומער־טאָג.
כ׳וואַרט אויפן שניט.

# האַרבסט־מאָטיוו

זײ׳ דו דער חכם און
לײען פון גרויען האַרבסטיקן הימל,
וואָס די זון
האָט דורכן פאַרביקן זומער געשריבן...

מיר זיצן אין צווײען און צווײגן.

אין בלומען־טאָפּ —
א פאַרלאָשן בלימל,
און אויפן נאַקעטן טיש
דאָס טרויעריקע ליד,
וואָס איז פון לאַנגן זומער פאַרבליבן.

טראָפּנס פּויקן אין פענצטער.

מיט קרומער שריפט
עמעץ שרײבט אויף די שויבן.
ווי גרויע שטשורעס אויפן דאַך
זען אויס די נאַסע טויבן.

## דאָס לעבן...

פאַרמאַך איך מײנע אויגן,
עפנט זיך דאָס בוך פון זכרון.
שטײ איך אין פײן געבויגן
און צײל מײנע יאָרן.

מעת־לעתן, אָ, מעת־לעתן,
פארמאכטע אין פיר אײלן —
כ׳וויל אַנטלויפן פארגעסן,
נישטאָ וואָס צו צײלן.

האָט בחינם צעשאָטן
דער פרילינג זײנע פארבן?

דאָס לעבן ליגט צעטראָטן
עס װײנט, עס וויל נישט שטארבן...

# אויפן פּעראָן

הדסה׳ן

איך שטיי אויפן פּעראָן. אין האַנט אַ בינטל בלומען.
א פרעמדער המון שטורעמט פאַרביי,
א נייער קומט אָנצושווימען.

נאָכוואָס, נאָכוואָס בין איך געקומען?

צו לאַנג געבלאָנדזשעט אין דער פרעמד.
זיי מוחל מיר. צו שפּעט כ׳האָב זיך דערקענט.
ווי פייער ברענט מיין ליבּ — דאָס פרעמדע העמד.

עס רופט דער לאָקאָמאָטיוו.
באַלד וועלן צעקלינגען זיך די וואַגאָנעס.
כ׳וועל אַרויסרייסן פון מיין האַרץ דאָס נישט דערשריבענע ליד
און דעם האַלדז ארומוויקלען מיט די שטאָלערנע שינעס...

# אפשר וועסטו עס זיין...

אפשר וועסטו עס זיין — די,
וואָס וועט אויסלעשן דעם צאנקנדיקן אומרו
אין מיין געמיט.

דעם קין־צייכן,
וואָס דורות האָבן מיט צוואנג מיר אַרויפגעטאָן —
וועסט אַראָפּווישן פון מיר.

און איך
וועל דער וועלט אויסשטרעקן מיין פרידלעכע האַנט.

אפשר וועסטו עס זיין — די,
וואָס וועסט צוריק אַרויספירן מיך אויפן ברייטן שליאך.

צווישן טאָג און נאַכט
איך וועל דיך אַרומנעמען —
אַלץ וועט ווערן פאַרשטענדלעך, נאָנט, באגריפן — —

און איך וועל אויסגיין אין דיינע אָרעמס
מיט דער זון אויף די ליפּן.

## וואַך־נאַכט...

שוין לאַנג איז צייט צום שלאָפן.
דאָס אויג איז רויט
די האַנט — בלייך און שוואַך.

נאָר דער שלאָף, דער פּחדן,
דערשראָקן אויף טויט —
ער איז ערגעץ־ווו אַנטלאָפן...

ווייל מיט געהיימען ליכט איז פול די נאַכט.

# איבערן אייגענעם פּאָרטרעט

וואָס זוכסטו אין מיין געזיכט
איך בין נישט ענלעך צו זיך
צו דיר — אַוודאי נישט.

די שאָטנס וואָס שפּרייטן זיך געדיכט
פאַרלעשן דאָס ליכט.

אויך דאָס ליד
וואָס פאַלט ווי א טרער פון אויג אַרויס
ברענט אויף אַש זיך אין דער פּייקע אויס...

# מיטן האַרץ אין די ציין

שטיל איז היינט אין מיין שווער־געמיט.
בלאָנדזשע איך צווישן די רווישנדיקע סאָסנעס
און זוך די שפּורן פון מיין אנטלאָפן ליד.

א פארפאלענער שיכור פון די ריחות פון דיין לייב,
א רגע ניכטער — איך שעלט די פארפירערישע פרייד:
דיינע אויגן, דיין מויל, די רונדיקייט פון דיינע קני,
און מיט שארפע נעגל, מיין פארהיילטע וואונד, איך רייס.

צווישן האָנעך־קריי און פויגל־געשריי,
נאָך דיר איך לויף מיטן הארץ אין די ציין —
נאָר בישט פאר דיר — מיין אנטלאָפן ליד —
איך בין שטארבן גרייט...

## ווער איז צו מיר גלייך?

צוזאמען מיט די פרימאָרגן־ווייזערס,
וואָס שניידן פון אָפּל־אָפּ
דעם יונגן טאָג —
דו שטרעקסט צו מיר אויס
דיינע וווּנדער־אָרעמס —
די זון גייט אויף.

קומען זיך ווידער צונויף
די טויזנט צעפלויגענע שפּליטערס
פון מיין אויפגעריסענעם לייב —
דאָס האָבן זיי
דעם נאכט־הימל
מיט רויטע שטערן פארזייט.

מיטן יונגסטן פרימאָרגן־וואָלקנדל
איבער בארג און איבער טאָל
איך שפּרייז,

אן איינד — פּאָרויס מיר לויפט די יונגע פרייד,
פון טונקעלן שלאָף זי וועקט דעם וואלד
מיט דעם הילכיקן פויגל־געשריי.

ווער איז צו מיר גלייך —
איידער די זון פארגייט?

## ליבע

אייביק יונג בין איך.
אַ פאַרליבטער,
וואָס אַזוינס ליבע איז —
וועמען זאָל איך פרעגן?

און אַזוי
פון יאָרן טויזנט שוין
עס מאַטערט מיך —
מיט בונטע פאַרבן
מאָלנדיק
די טעג פון מיין לעבן...

# דיין נאָמען

דער בלויער טייך —
באַקוקן דיין געזיכט
ער קען מיר נישט פאַרווערן.

די וואלד־סימפאָניע —
דיין שטים
זי מוז מיך לאָזן הערן.

ביי דער נאַכט
איך וועל דיין נאָמען
לייענען פון די שטערן...

## אַן אויגנבליק

קליין און לויכטנדיק
ווי די ערד
פון ווענוס געזען —
און דער אויגנבליק
איז גענוג געווען.

ביסט געוואָרן
די פינצטערניש פון דער נאַכט
און פון אויפגייענדיקן טאָג
דאָס ליכט —

די שרעק און די פרייד
פון געפונען
און פאַרלירן —
דיין געזיכט...

## בענקשאַפט

מענטשן זאָגן דיין נאָמען איז
פ ר ו י.
הינטער מיין פענצטער
דער בוים
זאָגט אויך אַזוי.

נאָר דאָס טייכל
וואָס גייט מיין שטוב פאַרביי
שמייכלט —
ס'איז נישט ניי...

## כ׳וויים נישט ווער דו ביסט

איך ווייס נישט ווער דו ביסט —
אַ גאַנצן טאָג צווישן גרויע ווענט
אויף א ווונדערלעכן אינסטרומענט
אין מיין בלוט דו שפּילסט.

ווען דער אָוונט קומט — איך זע,
וואָס פון מיר איז געוואָרן,
פון מיינע טעג און יאָרן
גליט דאָס אַש אויפן מילך־וועג.

נאָר דו בלייבסט מיר ליב און טייער,
מיטן שטערן־גאַנג
הער איך פונדאָסניי דיין געזאַנג
און צי מיך צו דיר — א לבנה־גייער...

# אין אַ ווינטער־נאַכט

ליכטיקע מיינע,
חלום בלאָנדער —
דאָס האָט מיין שווארצע דאָליע דיך אויסגעטראכט.

פול איז מיט דיר מיין געמיט
און עס טרייבט מיך דאָס ליד
דורך דער ווייסער מדבר־נאכט.

וועל איך געפינען דיך?

אויס בענקשאַפט נאָך דיר
עס גליווערט די ערד —
הינטער דעם קאַלטן שטערן־דאַך.

## מיין שאָטן

פאַראַן אַזאַ מינוט,
ווען מיין שאָטן
טיילט זיך אָפּ פון מיר
און ער גייט אַליין אַוועק איבער דער וועלט.

דאָס געשעט, ליבסטע מיינע, ווען איך בין מיט דיר,

אויב טרעפסטו אַמאָל מיך
יאָגן זיך נאָך אים —
ווייס, עס איז דערפאַר,
ווייל מיר דאַכט, אַז דאָס ביסטו עס...

# די יאָדלעס

אַלע פענצטער פון אַקעגן
אין זון, אין זון,
נאָר זועגן אײנעם דערציילן
די יאָדלעס וואָס רוישן פון ווייטן.

ברעקלעך זי וואַרפט פאַר די טויבן.
איך ווייס דאָס איז זי, דאָס איז זי.
זאָל איך צו איר א געשריי־טאָן?
אַך, די יאָדלעס וואָס רוישן פון ווייטן.

אַ פויגל פליט און פאַרפליט.
אויף אַ וואָלקן דער שטורעם רייט־אָן.
איר פענצטער ווי קאָן איך אויסמיידן —
עס רוישן די יאָדלעס פון ווייטן.

אירע אויגן פאַרקוקטע אין זיך —
זיי לייענען א לאַנגן פאַרפלאָנטערטן בריוו.
פון וועמען צו וועמען דאָס ווייסן
די יאָדלעס וואָס רוישן פון ווייטן...

## פֿאַלנדיקע שטערן

דער יולי־אָוונט איז מילד,
ווי דיין געזיכט,
אין זיין ווייכער טונקלקייט
ווי אין דיינע אויגן,
איך פֿיל דאָס קומענדיקע ליכט.

די פֿאַלנדיקע שטערן,
וואָס איך האָב זיי אזוי לאַנג געזוכט —
זיי ליגן ביי דיינע פֿיס,
ווי איך —

## ביסט דער טאָג

ביסט דער טאָג,
וואָס שיילט ארויס זיך
פון דער נאַכט
און קומט צו איר צוריק —
אין שויס פון פרידן
דו טראָגסט
די קומענדיקע שלאַכט,
אייביק,
אייביק קרייזנדיק...

ביסט דער קילער שאָטן פון בוים,
וואָס איז געווען,
און וועט ווידער זיין,
ביסט דער רויטער זשאר
אין מיר אויסגעדאַכט
אויף דער שוועל פון ווייסן טויט.

אויך דאָס ליכט אין מיר האָסט אויסגעטראכט
איך זאָל קאָנען ווייטער גיין,

ווייל גרויס איז
די געפאר,
וואָס איך טראָג
אין זיך אַליין...

# דאָס לעצטע וואָרט

ווער איז בכוח די שעהען פון דער נאַכט
איבערצוציילן ?
אין פּיין איז יעדע שעה אן אייביקייט,
און פרייד — צעבראָכט די גרענעצן פון צייט...

ווי דאָס שטילע גראָז אין פעלד
לאָז מיך שווייגן.

מיט אימה איך וואַרט אויפן קומענדיקן טאָג.

נאָך וואָס ריידן —
דאָס לעצטע וואָרט וועט סיי־ווי בלייבן
נישט־דערזאָגט...

## ווי דער שניי

גערולדיק
ווי דער ווייסער שניי
וואָס פאַלט און פאַלט און ווערט נישט מיד
ווערן דיך פארשיטן
די ווערטער פון מיין ליד.

נאָר ווען דער מאָרגן וועט געגעבן
וועסטו זיין ווי ער
א בלענדנדיקער —
און קיינער וועט דיך נישט דערקענען...

## עפּילאָג

איך וועל אויפשטיין אמאָל מיט דער זון צוקאָפּנס,
מיט פרייד
נאָך א שווערן לאַנגן זומער־טאָג
דער קילער נאַכט גיין אַנטקעגן,
ווייל אויפן הימל־ראַנד וועט אויפגיין
דיין שטאָלצער בלאָנדער קאָפּ.

דאָרט ווו עס קרייצן זיך אַלע וועגן,
וועל איך אנידערקניען פאר דיר
און מערער שוין גאָרנישט זאָגן
גאָרנישט פרעגן...

## דער האַרבסט

דער האַרבסט קוקט מיט לויטערע
און טרויעריקע אויגן,
קיל שימערירן
זיינע פאַרבן.
מיט ברייטער האַנט ער צעטיילט,
וואָס ער האָט פון זומער
געירשנט.

אויך מיך ער טרייסט —

בלייבן
אָן בלעטער
הייסט נאָך נישט —
ש ט אַ ר ב ן ...

✡ ✡ ✡

איך וועל היינט גיין צום וואלד
טיך זיך פאר אים פארנייגן —
ער איז עלטער פון מיר
און גרויער פון מיינע האָר
זענען זיינע צווייגן...

## האַרבסט

אינעם גאָרטן די לעצטע רויז
פון רויטן העמדעלע גייט אַרויס.
זומער־פייגל צום ווייטן פלי
שפרייטן שוין די פליגל אויס.

נאָר וואָלקנס הינקען אויפן הימל
אַזוי ווי נישט געקאָוועטע פערד.
פון ביימער פליען בלעטער
ווי געלע פייגל צו דער ערד.

# ווינטער־פרימאָרגן

ווען דער מאָרגן ווישט אויס
די שוואַרצע פלעקן אויפן הימל ראַנד —
איך קום פון דער נאַכט אַרויס.

מיט רויטע אויגן כ'טרינק דעם ווייסן שניי.
דער פליגל־פאַך פון טויבן איבער מיין קאָפּ
טראָגט מיט געלעכטער זיך פאַרביי.

אויף דער וועלט איז קאַרנאַוואַל,
אין דערנער — בלומען פאַרשטעלן זיך,
פאַר אַ ווייסן בער — דער וואַלד.

דער בלויער טייך, באַצויגן
מיט אייז און שניי —
מאַכט זיך פאַר אַ טויטן...

נאָר דאָס בלאָנדע מיידל אינעם גראַנאַט־קלייד
אַ שטראַלנדיקע אויפן מזרח־ראַנד
צו אַ לאַנגן שפּאַציר זי לאַדט מיך איין...

## זומער־אָוונט

ווען אָוונט קומט אויפן פעלד צו גיין,
וויינען שעפעלעך מיט אַ רויט געוויין,
מיט אַ רויט געוויין.

די ווערבע — אַלט און פאַרליבט —
שטייט געבויגן
אינעם פריילעכן טייכל פאַרקוקט.

די שוואַרצע שוואַלבן מיט שאַרף געשריי
טראָגן זיך ווי שטיקלעך נאַכט פאַרביי.

דאָס שטיפער־ווינטל לייגט זיך צו דר׳ערד,
שווערט ביים גרויען אָוונט־וואָלקן —
ס׳וועט שוין נישט מער...

די בלומען און די גראָזן,
פון דער זון פאַרלאָזן,
נייגן די קעפּעלעך צום שלאָף.

נאַכט.
דאָס פריילעכע טייכל אַנטלויפט פון דער ווערבע,
פאַרכאַפּט די לבנה מיט אַלע שטערן.

## דערינערונג פון שוואַרצן ים...

שוואַרצע אויגן
שוואַרצע וויע —
דער ים איז שטיל
דער ים איז רויק.

אַרום דעם באָרט
פארטיפט אין זיך,
שפּאַנסט אהין
שפּאנט צוריק.

ווּעמען וואַרטסטו
קוקסטו אויס?
דער ים איז שטיל —
אָ, שווארצע רויז!...

דער ים איז רויק
עמעץ וויינט —

ס'איז איך און דו
און ער אַליין...

## טשעלאָ

די ווערטער דיינע,
ווי עס פּאַסט פאַר אַ מאַן —
אָן טרערן, אָן טענות.

אַלצאיינס: צי פאַרשטאַנען, צי ניט —
דו פארפלייצט
מיין פאַרשטיינערטע ברוסט.

ווייל טיף,
טיף ווי די פּיין, וואָס האָט נישט קיין גרונט,
איז דיין שטים...

## וואָס וועט זיין דערנאָך...

וואָס וועט זיין דערנאָך,
ווען אַלע לידער וועלן זיין אויסגעזונגען
און די צייט וועט קומען
פון לאַנגן שלאָף?

דיין ווייסער קאָפּ
אויף צעבראָכענעם גוף
צו מאַמע־ברוסט וועט טוליען זיך,
מיט דעם סאמע ערשטן ניגון פון באשאף
די מוטער־שויס וועט פארוויגן דיך.

און וועסט וויסן שוין,
אז דער אָנהייב
איז קיין אָנהייב נישט געווען
און אויך דער סוף
איז נישט געווען קיין סוף.

# די לעצטע גרענעץ

דאָס גראָז
וועט אייביק גרינען
און ביימער
זיך באַבלעטערן.

אויף דיינע גרינגע
שוואַלבן־פליגל
וועלן קיינמאָל נישט אויפהערן
פלאַטערן,
קרייזן,

נאָר
דעם טויט
וועסט נישט
א ר י ב ע ר ש פ ר ײ ז ן.

## אויפן אָפּעראַציע־טיש

אַ גרויער הימל,
הינטערן פענצטער זיך רירט
א צווייג,
א בלעטל רייסט זיך אָפּ,
בלייבט הענגען
אין דער לופט.

דאָס פרויען הענטל וואָס פירט
און לייגט מיך אויפן טיש,
איז צארט און קיל,
קיל די ווייסע ווענט,
דאָס זילבערנע געשיר,
קיל
דער רויטער שפּיגלדיקער דיל.

ווי דער טאָוול איבער אַ בוך,
די פינצטערניש פאלט צו,
איז מער דער גרויער הימל נישטאָ
נישטאָ דאָס פענצטער, די צווייג,
נישטאָ דאָס בלעטל אין דער לופט
נאָר בלוט, בלוט, בלוט, בלוט...

דאָס פרויען הענטל איז שטייף
און פרירט ווי שטאָל.
ווי שטאָך, אין רייסן,
כרופּעט די הויט
דאָס לייב...

„איינס, צוויי — ציילו!
דריי, פיר — ציילו!"
נישט פאַרגעסן דעם גרויען הימל
איינס, צוויי, דריי
די צווייג
דאָס בלעטל...

קלאַפּט דאָס האַרץ
טיק־טאַק, טיק־טאַק
און צעווישן
קלאַפּ און קלאַפּ
א היימיש פּנים הייבט זיך אַרויס —
דער טויט...


 

פאראן לבנהס אסך —
איך גלויב —
און מיר איז גוט ווען איך גיי דורך דער נאַכט
און די איינע בלויז
באַלייכט מיר דעם וועג.

זונען פאַראַן אָן אַ צאָל —
און מיר איז וויל,
ווען די איינע וואָס איך זע
באַשיינט אַמאָל
מיינע טעג...

אונדזער פּלאַנעט איז
נישט איינציק
אינעם קאָסמישן פארמעג —
דאָך האָסטו קיין רעכט נישט
פארמיאוסן
די ערד
אויף וועלכע דו לעבסט...

*

* *

ווי דער טויט —
אויך ד ו
ביסט געווען אין אַלעם און אומעטום.

ווי דעם טויט —
אויך ד י ר
כ׳בין יעדן טאָג געגאַנגען אַנטקעגן —

דורך פראָסט,
דורך שניי,
דורך זון און דורך רעגן,

מיטן לעצטן ביסל בלומען,
וואָס איז פון מיין זומער־פאַרבליבן,
שטיי איך ביי מיין אומבאַקאַנטן קבר —

און איך שרייב דאָס ליד וועגן דיר
אויף מיין מצבה...

*

* *

די פיילן,
וואָס האָבן געדאַרפט אין דיר צו פאַלן,
איך אַליין
האָב זיי אין פּלי פאַרהאַלטן.

טאָג און נאַכט
מיין האַרץ קעגן דיר האָט געקאָכט פון ווּט —
שטילערהייט
געבענקט נאָך דיין טריפה'ן בלוט.

זאָל איך דיך פאַרלאָזן
איצט — ווען ביסט פון אַלעמען פאַרלאָזט?

וואַרט — איך קום צו דיר
א ברענענדיקער פראָסט....

## בין־השמשות־מאָטיוו

האָרך,
ווי טרויעריק־שטיל איבערן אָוונט פעלד
עס ציט איר ניגון די פלייט.

דער פאַסטעך
געטריי ער האָט געהיט זיינע שאָף,
אַליין — א היים ער גייט.

אויף אַ בוים
הענגט דאָס בלאָנדע מיידל,
עס ווינטלט דאָס בלויע סאַמעט־קלייד.

דער וואַלד ברענט.
איבער זיין קאָפּ רינט אויס דאָס בלוט
פון לאַנגן, שווערן זומער־טאָג....

# דער אַלץ־מיט־אַנאַנדער

דער אלץ־מיט־אנאנדער
דאָס בין איך אליין געוועזן:

די זון און דער וואָלקן,
דאָס בית־הקברות
און דער בליענדיקער סאָד —
דער טייך אינעם אייביקן וואנדער.

דער אלץ־מיט־אנאנדער...

די ליבשאפט וואס מוז פארגעבן,
דער האַס וואס פארברענט ביזן וואָרצל,
דאָס בוך, וואָס כ׳האָב ביזן סוף נישט דערלעזן,
דער בן־מלך,
וואָס האָט זיך אין א בעטלער פארוואנדלט...

דער אלץ־מיט־אנאנדער
דאָס בין איך אליין געוועזן —

היינט
ווייס איך דערפון
און גיי — — — —

## וואָרט און ניגון

דאָס איז דאָס וואָרט
און דאָס איז דער ניגון —

איך גיי צו דיר,
איך גיי,
דורך טונקעלע, געדרייטע שטיגן.

בלויע ליכט פון אויבן,
אונטן —
רויטע און שוואַרצע פלעקן.

זענען מיד שוין די פיס
פון שטייגן
איבער די געדרייטע טרעפּן...

נאָר דאָס האַרץ ווערט לייכטער, גרינגער.
באַלד וועט עס באַקומען
פליגל —

אויס וועט זיין דאָס וואָרט,
געענדיקט
דער נ י ג ו ן...

# אינהאַלט

## MEMENTO



## פון ביטערן קוואַל



## צו דיר



## זי

## איבערן אייגענעם פּאָרטרעט



## פּאַלנדיקע שטערן



## וואָרט און ניגון